„פראלעטאריער אלער לענדער פעראייניגט אייך“.

„FREIHEIT“

# פרייהייט

ציוניסטיש־סאציאליסטיש־ארבייטער־ארגאן.

ערשיינט יעדען פרייטאג

פרייז פר. איינצעלנע נומער: 4 הל.

אבאנאמענט:

גאנציעהרליך 2.— קראנען

האלב „ 1.— „

אדרעססע פיר די רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן:

Krakau Dietelsgasse 42.

קראקוי, ערשטער יאהרגאנג. נומר 10 3 November 1905.

## דאס לעצטע מיטעל.

דאס לעבען פונ'ם רוסישען צאריזם איז נור א אויסדרוק פון זיין בלוטיגע דעקלאראציאן. אבער מיט דער ברוטאליטעט פערבינדעט ער נאך איינע — מען קען זאגען — טייוולישע גליקזעליגקייט.

אין איינער פון די ערשטע נומערן פון אונזער ארגאן, ביי געלעגענהייט פונ'ם שלום צווישען רוסלאנד און יאפאן, האבען מיר קאנסטאטירט א שרעקליכען פאקט. דער פאקט, אז עס איז געלינגען דעם ציוניזמוס, זיך צו בעשאפען פיר א געוויסע צייט די מעגליכקייט וויטער צו עקזיסטירען. פערבינדענדיג זיינע אינטערעסען מיט די פון א אויפשטייגענדע קלאס, קען דער אבסאלוטיזמוס זיך ראטעווען און נאך לעבען בלייבען. מיט א עהנליכע מעטאדע האבען זיך אינ'ם יאהר 1878 די מלוכות פון דייטשלאנד בעניצט. דער גרויסער פאלקס־בעטרוג פון דער „דומא“, דער שלום, דער אפיציעלע ליבעראליזם פון די רעגיערונג, דאס אלעס זענען מיטעל, מיט וועלכע דער צאריזם קען זיך שטיצען אויף די נייע אויפוואקסענדע רוסישע בורזשואזיע.

עס איז געוועזן א טרויריגע פערשפעקטיווע אויף די צוקונפט פון די פעלקער פון רוסלאנד. דער צאריזם, וואס האט טויזענדער גע'הרג'עט, וואס האט מיליאנען מענשען אונגליקליך געמאכט, דער דאזיגער צאריזם זאל נאך א געוויסע צייט לעבען בלייבען! אנגעהמענדיג די פארם פון א „געמעסיגטען“ אבסאלוטיזם, פערבינדענדיג זיך מיט די נייע קלאס פון די בורזשואזיע, בלייבט ער נישט נור לעבענדיג — ניין נאך מעהר! — ער וואקסט און וועט שטארק צוזאמען מיט דעם וואוקס פונ'ם קאפיטאליזם אין רוסלאנד.

א נעפיהל פון שאנדע און שאהם האט אנגעהאפט די גאנצע מענשהייט, וואס דענקט פראגרעסיוו, ווען זי האט זיך דערמאנט, אז עס איז געלינגען דעם טייוולישן קליגען בלוטהונד זיך צו שטיצען אויף אזעלכע קלאסען פון דער געזעלשאפט, אז עס וועט אין צוקונפט נישט אוועקפיינערן, ווי ער האט בעדארפט, נור פערקעהרט, אז ער וועט וואקסען און גדייהען.

די טרויער איבער די קומענדיגע בעליידיגונג פון אלע מענשליכע געדאנקען און געפיהלען, דער שמערץ איבער די נאך נישט געראכטע *) קרבנות פון די רעוואלוציאן, דיעזער שמערץ און דיעזע טרויער זענען נישט נאר געוועזן צו פיהלען אין אונזער ארטיקעל, ניין עס זענען דאס געוועזן די געפיהלע פון די סאציאלדעמאקראטען פון אלע לענדער.

לאמיר אונז פארטשטעלען, וויאזוי ס'האט געקענט געבען א שניט אינ'ם הארץ די דאזיגע העלדען, וואס ברענגען שוין אזוי לאנג קרבנות, וואס פערגיעסען טייכען בלוט — די רוסישע רעוואלוציאנערע. דער געדאנק, אז עס וועט געלינגען דעם צאריזם מיט די הילף פון די נאטירליכע כחות פון די געזעלשאפט אי לעבען צו בלייבען און אי צו עררייכען, אז די נאטירליכע ענטוויקעלונג פון די רוסישע געזעלשאפט זאל דערשטיקען די רעוואלוציאנערע קרעפטע. די ענטוויקלונג פון די צוקונפט זאל פערשטאפען די קוואלען פון סאציאלע ענערגיע, אויס וועלכע עס וועט אימער נייע געבארען די רוסישע רעוואלוציאן, און וועלכע זענען די האפנונג פון אלע רעוואלוציאנערע קעמפפער. און עס זאל קומען א צייט, אז די פעלקער פון רוסלאנד זאלען פערגעסען פון די קרבנות פון יאנואר און יולי, און זאלען גלייכגילטיג די צייט פונ'ם

*) „ראכען“ הייסט נקמה נעהמען.

**גענאסען! שטעהט צו צו די וויענער צענטראל־פערבענדע.**

אינדוסטריאַליזם דורכלעבען. דער גייסט פון נקמה זאָל שטאַרבען און עס זאָל הערשען דער קרעמער גייסט פון די קאַפּיטאַליסטישע צייט.

די רוסישע געזעלשאַפט איז געווען די האָפנונג פון די רעוואָלוציאָנערע; זיי האָבען געמיינט, אַז דאָס ווירטשאַפטליכע און גייסטיגע לעבען פון דער געזעלשאַפט וועט אימער פאָרברענגען רעוואָלוציאָנערע כחות. די רעוואָלוציאָנערע, פערצווייפעלנדיג אין זייערע הייליגסטע האָפנונגען, ערביטערט איבער דעם בעטרוג פונ'ם צאַר, האָבען זיי גערופען צום לעצטען מיטעל. נאָך איינמאָל האָבען זיי צוזאַמען נעהאַפּט אַלע זייערע כחות, דאָס הייסט, די מאַסען וואָס זענען געטריבען פון נויט און עלענד און האָבען געזאָגט:

איידער די רוסישע געזעלשאַפט זאָל ווערען פערשקלאַפט, לאָנגזאַם אַהגע, אַז זי וועט געוואָהר, אַז מען פיהרט זי אין קערפּערליכען און א גייסטיגען טוידט, וועלען מיר זי שטעלען פאר א וואַהל. דורך דאָס מיטעל פונ'ם גענעראַלשטרייק אין אזא פאָרם, אַז ער קען צערשטערען די געזעלשאַפט, צווינגען מיר זי ענטוועדער אויך צוזאַמענצוהאַפּען אַלע איהרע כחות אדער אינ'ם שרעקליכסטען אופן פערניכטעט צו ווערען, מיר האַפען אין אונזערע הענד די טהיילע פונ'ם ווירטשאַפטליכען אָרגאַניזם, פון וועלכע עס העננט אָב לעבען און טוידט פון די געזעלשאַפט. ווילט איהר לעבען אַזוי קעמפּפט! ווילט איהר שטאַרבען אַזוי איז עס אַלעס איינס, אָב אינ'ם רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף אלס קעמפּפער, אָדער מיטגעריסען פון די ערביטערונג פון די שטערבענדע רעוואָלוציאָן.״

אזוי שטעהט אצונד די גאנצע רוסישע בעפעלקערונג צווישען צוויי גרויסע כחות: דער אבסאלוטיזם, בלוטיגער און ווילדער ווי קיינמאָל נישט פריהער, אויף די אנדערע זייט די רעוואָלוציאָן אין איהרע שטערקסטע און דראָהענסט פאָרם, ביידע דראהען די געזעלשאפט צו פערניכטען, דען פאר ביידע איז אלעס איינס, איינער פון ביידע מוז אינ'ם קאמפּף פאלען. זיעגט די רעוואלוציאן אזוי מוז די געזעלשאפט פאר זי קעמפּפען, זיעגט דער צאריזם, אזוי וועט די רעוואלוציאן די געזעלשאפט פערניכטען.

די פעלקער פון רוסלאנד שטעהען אינ'ם וויכטיגסטען מאמענט פון זייערע גאנצע געשיכטע, און דראָהענד פרעגט זיי די געשיכטע: „קאַמפּף אדער זעלבסטמאָרד?

---

# די וועלטאַנשויאונג פונ'ם פּראָלעטאַריאַט. — ווי אַזוי פיהלט און דענקט די אַרבייטער־קלאַסע?

מיר האָבען אין דעם לעצטען נומער געזעהן[*], אַז דער יסוד פון דער וועלטאַנשויאונג ליגט אין דעם שייכות (פערהעלטניס) צווישען דעם אינדיווידועלען שכל פונ'ם איינציגען, צו דער געזעלשאַפטליכער בילדונג, ד. ה. צווישען דער ערפאַהרונג פונ'ם איינצעלמענש און דער ערפאַהרונג פון דער געזעלשאַפט. אויב מיר ווילען אַצונד בעטראַכטען די וועלטאַנשויאונג פונ'ם פּראָלעטאַריאַט, מוזען מיר קודם־כל שטודירען דאָס פיהלען און דענקען פון דער אַרבייטער־קלאַסע.

דאָס דאָזיגע שטודיום פונ'ם דענקען און פיהלען מוזען מיר אָנהויבען דאַדורך, אַז מיר שטעלען אויף צוויי פראַגען. ערשטענס: ווי אַזוי דענקט און פיהלט דער אַרבייטער אלס א קלאַס, און צווייטענס: ווי אַזוי דענק און פיהלט דער אַרבייטער אַלס אַ אינדיווידיום. דער סך־הכל פונ'ם דענקען און פיהלען פון דער אַרבייטער־קלאַסע איז איהר קלאַסענערפאַהרונג — די וויסענשאַפט פונ'ם פּראָלעטאַריאַט. דער סך־הכל פונ'ם דענקען און פיהלען דעם אַרבייטערס אַלס אַ פערזאָן, דאָס איז זיין ספּעציפישער שכל — דער כאַראַקטער פונ'ם פּראָלעטאַריער.

אונזער אויפגאַבע איז עס אַצונד, די גרונדציגע פונ'ם פּראָלעטאַריער־כאַראַקטער און פון דער פּראָלעטאַריער־וויסענשאַפט קלאָר און דייטליך צו בעשטימען. אויב מיר האָבען דאָס געטהון, האָבען מיר שוין די יסודות, אויף וועלכע מיר קענען אָנהויבען צו בויען אַ טהייל פונ'ם פּראָלעטאַרישען דענק־אופן, דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזמוס.

פּראָלעטאַריער־כאַראַקטער! פּראָלעטאַריער־וויסענשאַפט! וועלכע פערענדערונגען האָבען געמוזט פאָרנעהען מיט דעם כאַראַקטער און דער וויסענשאַפט פון דער מענשהייט, אַז איין טהייל פון דער מענשהייט איז בכח אויפצופרעגען דעם דאָזיגען כאַראַקטער און דער וויסענשאַפט אַ געוויסען קלאַסען־סימן, קלאַסען־פערבונג.

---

[*] זעה דעמזעלבען אַרטיקעל נומער 8.

---

**געגאָסען! זאַמעלט פאַר די זעלבסטשוצאָרגאַניזאַציאָן פון אונזערע רוסישע חברים.**

דער האראקטער פון א יעדען מענש איז דאס פראדוקט פון זיינער ערפאהרונג און פון זיינער פעראנלאגונג, דאס הייסט זיינע איינגעשאפטען, וואס ער האט שוין ביי דער געבורט. פון וואנען נעהמט זיך אזא בעשטימטער הארעקטער פון די געבורט? — די דאזיגע פעראנלאגונג איז ענטשטאנען דורך די פיעל טויזענדיעהריגע געשיכטע פונ'ם מענש אלס א ראסע און אלס א קלאסע. די פעראנלאגונג איז דער הארעקטער, וואס א מענש וואלט געהאט, ווען ער וואלט נישט געהאט אינ'ם לויף פון זיין לעבען קיין שום ערפאהרונג. עס איז דאס האראקטער, וואס צו א געוויסע צייט אלע מיטגליעדער פון די מענשהייט אדער פון א פאלק צוזאמען האבען. נאר דער דאזינער „איינגעבארענער" הארעקטער איז א וויס בלעטיל פאפיער, אויף וועלכען עס איז קורץ אויפגעשריבען די געשיכטע פון די ביז־איצטיגע געזעלשאפט. דער גרעסטער טהייל פון דעם פאפיער איז נאך פריי און ווערט אויסגעפולט פון די ערלעבניסע פון א איינציגען מענש.

דער „איינגעבארענער" הארעקטער פונ'ם פראלעטאריער איז דער, אז דער ארבייטער בעלאנגט צו א קלאסע, וואס איז גאנץ מאדנע. אויף דעם פאפיער איז איבער דעם שוין אויפגעשריבען די גאנצע ביז־איצטיגע געשיכטע. א יעדער פראלעטאריער פיהלט איבער דעם די ווירטשאפטליכע איבערקעהרניסע פיעל טיעפער ווי א מיטגליעד פון א אנדערע קלאסע, ווייל זיין הארעקטער איז אליין א פראדוקט פון א ווירטשאפטליכער איבערקעהרניש. דער ארבייטער איז איבער דעם פעהיג דאס פאליטישע און גייסטיגע לעבען פון דער געגענווארט לעבהאפט מיטצופיהלען.

דער צווייטע טהייל וואס בילדעט דעם כאראקטער פון א מענש, זענען די ערלעבניסע. געוויסע ערלעבניסע (ערפאהרונגען) אינ'ם סאציאלען און פאליטישען לעבען פון די געגענווארט, וואס די מיטגלידער פון אנדערע קלאסען ווייסען נור, ווייל זיי האבען עס געליינט אין דער צייטונג, זענען פאר'ן ארבייטער א שטיקעל פונ'ם טעגליכען לעבען, קלאסענקאמפף, מאסענוואנדערונג, ארבייטסלאזינקייט, מאסענקאנצענטראציען, בקצור די טרייבענדע כחות אינ'ם לעבען פון די היינטיגע געזעלשאפט, א יעדער פראלעטאריער פיהלט זי אויף זיינע אייגענע הויט. א מיטגליד פון אנדערע קלאסען קען נור פון די גייסטיגע אויסענזייטען פון די עקאנאמישע פאסירונגען געוואהר ווערען. ער געהערט צו א קלאסע וואס זי איז פריהער ענטשטאנען און פון וועלכע עס זענען פערשווינדען די עקאנאמישע לעבענסבעדינגונגען. אויב ער וויל זיך די געגענווארט ערקלערען אזוי מאכט ער דאס דורך דעם וואס ער דערמאהנט זיך פון די כלומר'שע צייטען וואס זיינע קלאסע איז געווען אלעבענדיגע קלאסע. פון דיזע ערינערונגען פון די פערגאנגענהייט קומען ארויס די יודען פון רעליגיאן, נאציאן א. ז. וו., מיט וועלכע די אנדערע קלאסען ווילען ערקלעהרען דאס לעבען פון די געשיכטע.

פון די דאזיגע איבערלייגונגען ערקענט מען קלאר, וואס עס טהיילט אב דעם הארעקטער פונ'ם ארבייטער פונ'ם הארעקטער פון די אנדערע קלאסען.

זיינע קלאסענלאגע צווינגט איהם די עקאנאמישע פאקטארען אנצוערקענען אלס דרייבענדע כחות אין די געשיכטע, דאס הייסט ער מוז מאטעריאליסטיש דענקען. ער איז א פראדוקט פונ'ם מאדנע לעבען און דעריבער איז ער פריי פון די גייסטיגע ווירקונגען פון די פערגאנגענהייט. — דאס הייסט ער דענקט ראדיקאל. דער הארעקטער פונ'ם מאדערנעם פראלעטאריער איז מאטעריאליסטיש און ראדיקאל.

(פארטזעצונג קומט).

---

# קראניק.

די רעוואלוציאן אין רוסלאנד. אינ'ם גאנצען ריזיגען רייך פון רוסלאנד שטעהען די באהנען שטיל. די פאסט געהט נישט און אפט זענען די טעלעגראפען דראטע צעשניטען. איבערדעם איז אין גרויסע שטעט ווי למשל: פעטערבורג, מאסקווא. ווארשוי, הארקאוו א.ז. וו. כמעט נור נישט צו עסען און צו טרינקען פאראן. די דאקטוירים און אפטייקער שטרייקען אויך און איבער דעם שטארבען א סאך קליינע קינדער. אין די גרויסע שטעט אליין שטרייקען מעהר ווי א מיליאן ארבייטער. זיי געהן דורך די גאסען, קעמפפען מיט דעם מיליטער. בויען באריקאדען און מאכען גרויסע פערזאמלונגען. אין א סך שטעט איז די רעגירונג שוין איבערגעגאנגען אין די הענד פונ'ם פאלק וואס האט אין דיזע שטעט אויסגעקליבען קאמיטעטען צום רעגירען. רופט זיי „וואהלפאהרטס אויסשיסע". דער צאר זיצט אין א שלאס ביי דעם ים און קען נישט ארויס. ווייל מען האט די אייזענבאהנען צערשטערט. יעדע מינוט איז ער בערייט פליטה צו

מאכען נאך ענגלאנד. ווען יעצט וועט נישט זינגען די רעוואלוציאן, אזוי ווער ווייסט ווען זי וועט זינגען.

גארליצע. היער אין גארליצע פענגט זיך אן דעם 31 ד. מ. די וואהל פון א אבגעארדנעטען אין דעם לאנדסטאג (סעים). דער אבגעארדנעטער וועט רעפרעזענטירען צוויי שטעדט: גארליצע־יאסלא. ביז יעצט, אז עס זענען געווען די וואהלען, האט דער בעצירקס־הויפטמאן אין קאמפ דורכגעשווינדעלט און עס איז געוועהלט געווארען דער, וועלכען דער בעצירקס־הויפטמאן האט געוואלט. יעצט דאגעגען, אז די היגע ארבייטערשאפט האט שוין אויפגעוואכט, לאזט ער שוין נישט צו, צו די שווינדלען, האטש זי האט נישט דאס רעכט צו וועהלען.

דען 22. ד. מ. האט דאס היזינע קאמיטע פון פ. פ. ס. ד. איינבערופען א פאלקספעריאמלונג מיט דער טאגעסארדנונג: „די וואהלען אינ'ם לאנדטאג“. דער זאל פון דער פערזאמלונג איז געוועזען פול פון צוהערער, רעפערירט האט גענ. פ ע נ ס ט ע ר ב ל ו י. ער האט פארגעשטעלט צוערשט דעם שווינדעל, וועלכער קומט פאר ביי די וואהלען, און דאן איז ער אריבערגעגאנגען צום אלגעמיינעם, געהיימען וואהלרעכט.

אונזערע חברים האבען זיך געשטעלט אלע ווי איין מאן, נאך דער פערזאמלונג האבען אונזערע חברים צוזאמען מיט פוילישע דעמאנסטרירט, רעוואלוציאנערע לידער געזינגען. מיר האבען געטראגען צוויי רויטע פאהנען. די דעמאנסטראציאן האט א זעהר גרויסען איינדרוק געמאכט.

א טאג פאהער, שבת, האבען אונזערע גענאסען געמאכט א דעמאנסטראציאן. עס האבען זיך צו אונס אנגעשלאסען זעהר פיעל מענשען. נאך דעם, אז מען האט געזינגען רעוואלוציאנערע לידער און מען האט אויסגערופען: נידער מיט גויטש! עס לעבע דאס אלגעמיינע וואהלרעכט! עס לעבע די ציוג. סאצ. ארבייטער פארטיי. זענען מיר זיך רוהיג צוגאנגען.

(אלעס איז פאנאנדער געגאנגען, האבען זיך צינויפגעקמיעבען חסידים'ליך און האבען זיך געבייזערט איבער די „שקצים“ וואס זינגען „שבת קודש“ אויף דער גאס.)

מארגנאוו. די יודישע פ. פ. ס. ד. האט געמאכט פאריגען שבת א פאלקס־פערזאמלונג וועגען אלגעמיינען וואהלרעכט. אזוי ווי אין דער דיסקוסיאן האט א „בונדיסט“ געבעטען דאס ווארט און ער האט נישט בעקומען איז די מאסע געגאנגען אין דעם לאקאל פון דער ז. פ. ס. און האט דארט געמאכט א פערזאמלונג מיט די טאגעסארדנונג „דער פארטייטאג דער עסטרייכישען סאצ. דעמ. און די ז. פ. ס.“ נאכ'ן רעפעראט האט בעקומען דאס ווארט אונזער חבר ל א ב י ן. אין אגאנץ לאנגע רעדע האט ער אויפגעוויזען די פאלשקייט. פון די „בונדישע“ פאדערונגען צו די עסטרייכישע סאצ. דעמ. אזוי דאס אלע האבען איהם געפאטשט „בראווא“. אין די מאסע פון טארנוב ווערד דיזע רעדע שטארק דיסקוטירט און דאס צוטרויען צו אונזער פארטיי וואקסט און טאג צו טאג;

פערלמאנן.

---

# דער זיעג פאר די רוסישע רעוואלוציאן.

דאס רעוואלוציאנערע פראלעטאריאט פון רוסלאנד האט געצווינגען די גאנצע רוסישע געזעלשאפט צו א מורא'דיגען קאמפף מיט דער רוסישער רעגיערונג. זייענדיג נאר א קליינער טהייל פון דער בעפעלקערונג, האט זי זייענדיג אבער די וויכטיגסטע קלאס אין לעבען, דורך דעם מיטעל פונ'ם גענעראלשטרייק געזיענט.

די ארבייטער פון רוסלאנד האבען א צווייפאכע גאראנטיע אויף זייערע מענשען־רעכטע, אויף זייער אלגעמיינעם וואהלרעכט, אויף זייערע פרייהייט! ערשטענס, זייערע קראפט און צווייטענס די שוואכקייט פון די רעגירונג.

ארבייטער פון עסטרייך, ווילט איהר נאך ווייטער טראגען די קייטען פון שקלאפעריי!

ארבייטער פון עסטרייך, ווילט איהר נאך ווייטער זיין בעטראגען דורך א פאלשען פארלאמענט!

ארבייטער פון עסטרייך! לערנט פון די רוסישע רעוואלוציאן!

עס לעבע די פרייהייט פון די וועהלער!
עס לעבע דער סאציאליזמוס!
ניעדער מיט די שקלאווערייי!

---

# די לעצטע אויסגאבען:

מיר בעטען אלע קאלפארטערע זאפארט מיט אונז אבצורעכנען, מיר מוהען די נומער פערגרעסערן, ווייל מיר ליידען שטארק אונטער פלאצמאנגעל.

---

# בריעפקאסטען.

ט א ר נ א ו. דאס ארטיקעל, וואס איהר האט געבעטען, קומט אין די נעכסטע נומער. ט ש ע ר נ א ו ו י ץ. מיר קענען נישט בעריכטען פון דעם פארטייטאג דער עסטרייכישען סאצ. דעמ. אין נומער 10. ווייל דער בעריכט דעריבער קומט ערשט נאך דעם רעדאקציאנסשלוס. פ ש ע מ י ש ל. מיר ווילען אלעס מיט א בריעף ערלעדיגען. מיר בעטען זאפארט א קארעספאנדענץ וועגען די פאסירונגען ביי די דארטיגע פ. פ. ס. ד.

---



Wydawca i odpow. redaktor: Schulim Freund, Kraków. — Drukiem Józefa Plessnera i Ski w Podgórzu.